# איך און די יידישע שול

## סימפאָזיום

גראַדואַנטן
פון די פּראָגרעסיוו-וועלטלעכע שולן

ארויסגעגעבן פון
פריינט פון
פּראָגרעסיוו-וועלטלעכער דערציאונג

# וועגן דעם סימפּאָזיום

דער סימפּאָזיום „איך און די יידישע שול“ איז געלייענט געוואָרן שבת, דעם 2טן יוני, 1962, ביי אַ געזעלשאַפטלעכער קאָנפערענץ לטובת דער פּראָגרעסיוו־וועלטלעכער דערציאונג. מיר מיינען, אַז ער וועט אינטערעסירן יעדן פון אונדז, וועמען די צוקונפט פון דער יידיש־וועלטלעכער קולטור אין אַמעריקע גייט אָן. די רייד פון די יוגנטלעכע זיינען פאַר אונדז דאָס עדות זאָגן פון אַ דור. זיי באַשטעטיקן וואָסער באַטייט אַ וועלטלעכער דערציאונג, אַן אויסגעהאַלטן וועלטלעכע, קאָן האָבן פאַר דעם יונגן יידן אין אַמעריקע.

כדי נאָך מער צו באַפעסטיקן אונדזער געדאַנק, ווילן מיר צוגעבן עטלעכע ביאָגראַפישע שטריכן פון די אָנטיילנעמער אין סימפּאָזיום.

אַלע דריי זיינען הי־געבוירענע. פון זייערע זעקס עלטערן זיינען פינף געבוירן אין אייראָפּע, און איינע, אַ מאַמע, אין אַמעריקע. זייער עלטער — 22, 24 און 25 יאָר. אַלע דריי האָבן געקראָגן אַ הויכע בילדונג. איינער גראַדואירט פון היסטאָרישן פאַקולטעט אין אַ ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט, איינער קריגט זיין דאָקטאָראַט אין מעדיצין און דער דריטער — זיין דאָקטאָראַט אין פּסיכאָלאָגיע. אַלע דריי האָבן געלערנט אין די עלעמענטאַר־שולן, מיטלשולן און הויך־קורסן פונעם פּראָגרעסיוו־וועלטלעכן שול־וועזן. פאַר צוויי פון די דריי איז יידיש אַ נאַטירלעכע, צווייטע שפּראַך, מיט וועלכער זיי באַנוצן זיך אָן שוועריקייטן. ביים דריטן איז יידיש מער אַן אויסגעלערנטע שפּראַך, וואָס ער באַהערשט פריי אין לייענען און שרייבן און שוועריער אַביסל ביים רעדן. די היים פון דריטן איז געווען ווייניקער יידיש־רעדנדיק ווי די אַנדערע צוויי היימען. די עלטערן פון צוויי פון די אָנטיילנעמער זיינען אַקטיווע שול־טוער. זייערע היימען זיינען יידישע קולטור־היימען. אַלע דריי אָנטיילנעמער האָבן אַ נאָענטע שייכות צום יידישן קולטור־לעבן. איינער פון זיי, דער ייִנגסטער, איז שוין די לעצטע פיר יאָר אַ לערער אין די פּראָגרעסיוו־וועלטלעכע שולן.

זאָל דער סימפּאָזיום דינען ווי אַ דערמאָנונג פאַר אונדז, אַז ניט נאָר האָבן מיר אַ קולטור וואָס מען דאַרף איבערגעבן צו אַ נייעם דור, נאָר אויך, אַז עס איז דאָ אַ דור, וואָס קאָן ווערן דער אָפּנעמער און דער המשך פון אָט דער קולטור.

א. גאָלדבערג

# די שול פֿאַרבינדט דאָס קינד מיט זיין פֿאָלק.

## נפתּלי זאַלצמאַן

איך וויל רעדן היינט פּערזענלעך, און אָנהייבן טאַקע פון סאַמע אָנהייב, מיט 14 יאָר צוריק, ווען איך בין צום ערשטן מאָל אַריינגעקומען, ווי אַ 7־יאָריק קינד, אין אַ ברוקלינער שול. גלייך אין די ערשטע יאָרן האָט זיך אַנטוויקלט אין מיר אַ געפיל פון וואַרעמקייט סיי צו דער שול און סיי צום לערער. מיט די יאָרן איז דאָס וואַרעמע געפיל רייפער געוואָרן, און איך האָב ניט נאָר אָפּגעשאַצט די שול, די מיטלשול און די קורסן, נאָר עס האָט זיך אין מיר אַנטוויקלט אַ באַציאונג צו דער פילאָסאָפיע פון די שולן — צו די פּרינציפּן, וואָס מיר רופן פּראָגרעסיוו־וועלטלעכע יידישע דערציאונג.

אָט־די פּרינציפּן וואָלט איך געוואָלט אַרומרעדן, סיי אַלס אַ שילער און סיי ווי אַ לערער איצט אין די שולן. בלויז אַזוי, האָף איך, וועל איך אייך קאָנען געבן צו פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס די 14 יאָר, וואָס איך בין פֿאַרבונדן מיט די שולן, זיינען געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע אַספּעקטן פון מיין לעבן.

וואָס שליסן די פּרינציפּן אין זיך? פון וואַנען שטאַמען זיי? וואָס איז זייער ווערט פֿאַר אַ קינד?

וועלטלעכע יידישע דערציאונג איז אַ ברייטער באַגריף, אין דער אמתן אַ קאָמפּלעט באַגריפֿן, וואָס אויב אַ מענטש רעאַליזירט זיי אין לעבן, שאַפֿט ער פֿאַר זיך אַ לעבנס־אופן פון גרויס וויכטיקייט. ווי איך פֿאַרשטיי עס, איז די הויפּט־אויפגאַבע פון דער שול צו העלפן דעם איינצעלנעם, דאָס הייסט, דעם איינצעלנעם קינד, בעסער צו פֿאַרשטיין זיין שייכות צום לעבן אַרום און דער עיקר — צו זיין פֿאָלק. ווען איך קוק צוריק און פּרוּוו פֿאַרשטיין, וואָס איז די אינטעלעקטועלע באַזע, אויף וועלכער די שול פּרוּווט שאַפֿן

באַציאונגען צווישן קינד און פאָלק, וואַרפט זיך מיר אין אויג גלייך איין פאַקט: די פּרינציפּן פון דער וועלטלעך־יידישער שול שליסן אין זיך איין אַ סך פון די הויפּט־איינשטעלונגען פון דעם מענטשנס אַל־געמיינעם טראַכטן און שטרעבן: ברודערשאַפט, שלום, גערעכטיקייט, פריינטשאַפט, דער פּרינציפּ פון באַציאונג פון מענטש צו מענטש, דער שטאַרקער גלויבן אין דער פּרעזערוואַציע און דער אַנטוויקלונג פון אַ מענטשנס נאַציאָנאַלער ירושה, — דאָס זיינען ניט קיין פילאָסאָפישע אַבסטראַקציעס און סכאָלאַסטישע גריבלעניש, נאָר לעבעדיקע גרונט־באַגריפן פון דער שול, בשותפותדיקע באַגריפן צווישן לערער און שילער, ווי אַ טייל פון לערן־פּראָצעס און אַ לעבנס־אופן.

וואָס פאַר אַ ווערט האָבן די באַגריפן פאַר אַ קינד? פאַר מיר און מיינע שול־חברים זיינען די באַגריפן געווען דאָס סאַמע ווערטפולסטע, וואָס די שול האָט אונדז געגעבן. זיי האָבן אונדז געפירט אויף דעם פאַרפלאָנטערטן און שווערן וועג פון שייכותן צווישן דעם איינצעלנעם און דער געזעלשאַפט, און דער עיקר — דעם איינצעלנעם און זיין פאָלק. מיט דער צייט איז פון אָט־אָ די דריי באַזונדערע טיילן — איך, די וועלט אַרום מיר, מיין פאָלק — געוואָרן איין אופן פון טראַכטן, איין גאַנצקייט. איך וואָלט געזאָגט — אן אופן פון לעבן.

דאָס קינד היינט צו טאָג, אין אַ וועלט וואָס ווערט אַלץ מער פאַרפלאָנטערט, טראָגט זיך אַרום מיט פיל ניט פאַרענטפערטע פראַגעס. פאַרשטייט זיך, אַז די עלטערן, דער קוואַל פון חכמה און לעבנס־דערפאַרונג פאַרן קינד, העלפן אים געפינען אַ סך ענטפערס. אויך די פאָבליק־סקול שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דעם פּראָצעס, כאָטש אָפט פאַרפעלט זי באַקצוקומען פיל פון אירע דעמאָקראַטישע אויפגאַבן. אָבער אַלץ ווערט נאָך ניט פאַרענטפערט, — ספּעציעל ווערט פאַרן קינד ניט קלאָר זיין אָרט אין דער וועלט ווי אַ ייד, זיין אָרט ווי אַ יחיד אין פאָלק, זיין שייכות צו אַ וועלט, וואָס ראַנגלט

זיך צו לעבן אין שלום און אין ברודערשאַפט.

אָבער ווי אַזוי געפינט דאָס קינד זיין פּלאַץ אין דער וועלט ווי אַ ייד? און איך מיין ניט בלויז מיטן שכל, נאָר אויך מיטן האַרצן.

עס איז באמת ניט לייכט צו ענטפערן אויף דער פראַגע. דער עיקר, ווען עס קומט צו דער פראַגע פון האַרצן, ווייל דאָ דאַרפן מיר פּרואוון צובינדן דאָס קינד צו דורות, וועמעס לעבן עס איז שוין נישט מער אַ טעגלעכע דערפאַרונג פאַרן קינד, — צו זייערע זיידע־באָבעס.

דער ייד פון מזרח־אייראָפּייאישן אָפּשטאַם געפינט אַ סך זין און עמאָציאָנעלע פאַרבינדונג מיטן פאָלק דורך דער שפּראַך אַליין, דורך יידיש. ליבע, טרויער, פרייד — זיי האָבן אַלע אַ ספּעציעלן „יידישן טעם“ פאַר אים. אָבער ווי קאָן אַ קינד, וועמעס עלטערן רעדן ניט קיין איין וואָרט יידיש, דערשפּירן אָט־די ווּאונדערלעכע קוואַליטעט פון אונדזער שפּראַך? ווען איך בין געווען אַ קינד אין דער עלעמענטאַר־שול, האָט מיין היים דערגאַנצט דעם יידיש, וואָס די שול האָט מיר געגעבן. די אַרבעט היינט איז אומגעהויער שווערער. אָבער ווען — ווי עס טרעפט אָפט — אַ קינד צעשמייכלט זיך, ווען ער באַנוצט זיך אפילו מיט אַביסל יידיש, וואָס קריגט ביי אים אַ טעם פון אַ מאַמע־לשון — דערפילן מיר, לערער, דעם לוין פון אונדזער אַרבעט. עס איז געבוירן געוואָרן אַן עמאָציאָנעלע באַציאונג צו דער קולטור פון פאָלק.

און וואָס איז וועגן די פריערדיקע דורות, די זיידעס און די באָבעס? וואָס ווייסן די אייניקלעך וועגן לעבן פון זייערע עלטערנס עלטערן, וועגן זייערע קינדער־יאָרן? ווי קאָן מען פאַרוואַרפן אַ בריק איבער דער דיסטאַנץ, וואָס טיילט אָפּ די דורות אַזוי, אַז די אייניקלעך זאָלן דערשפּירן די זיידע־באָבעס, זייער וועלט און די וועלט פון דעם קינדס אור־עלטערן. איר דערוואַרט מסתמא, אַז איך וועל זאָגן — שלום־עליכם, פּרץ. גוט! איך וועל אַזוי זאָגן. אָבער מען דאַרף שלום עליכמען און פּרצן היימישער מאַכן פאַרן קינד.

ניט סתם לערנען ווי ליטעראַטור.

פאַר מיר זיינען „מאָטל פּייסי דעם חזנס" אָדער „שמואליק דער יתום" — בויער פון אָט־אָ דער בריק פון פאַרשטענדעניש און נאָענטקייט. דורך דעם טיפן אַריינבליק אין די לעבנס פון זיינע העלדן, וואָס שלום־עליכם גיט דעם קינד, הייבט עס אָן צו פאַרשטיין און דערשפּירן אַ גאַנצע וועלט פון נייער דערפאַרונג. ער דערזעט ניט בלויז די אונטערשיידן, נאָר די אינער־לעכע שייכות צווישן זיין וועלט און דער וועלט פון זיידע־באָבעס. ער דערזעט דעם טרויער און די פרייד, די אויסוואָרצלונג פון דער אַלטער היים און דאָס באַ־זעצן זיך אין דער נייער וועלט. עס שאַפן זיך ביי אים באַציאונגען צו דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָבן אַ שייכות צו זיין אייגענער, דעם קינדס צוקונפט. ער טראָגט מיט זיך ווערטן און אַ פאַרשטענדעניש פאַר זיין פאָלקס־קולטור. דער אוצר פון מעשיות, פּאָעזיע און די געשיכטע פון אַ פאָלק, וואָס שטרעבט צו פאַר־אייביקן זיינע טראַדיציעס און זיינע באַציאונגען צו דער וועלט, גיבן דעם סטודענט אַ געפיל פון אידענ־טיפיקאַציע מיט זיין פאָלק. ער אַליין ווערט אַזוי־אַרום די כלי, דער אינסטרומענט וואָס טראָגט פאָראויס דאָס לעבן פון זיין פאָלק.

# וואָס מיינט זיין אַ ייד?

## הערמאַן פרענקל

מיט אַ וואָך צוריק בין איך געקומען צוגאַסט אין דער היים פון איינעם פון מיינע חברים, אַ בחור, וואָס פאַרענדיקט איצט זיין לעצט יאָר אין „מעדיקאַל סקול" (מעדיצינישער פאַקולטעט). ער איז אַ וואוילער יונגער מאַן, אַ קלוגער, אַ גוטער; די ווייב זיינע איז אַ לערערין, און זיי זיינען ביידע וואַרעמע, ערנסטע יונגעלייט.

איצט ווערט ער שוין אויס סטודענט אין אוניווערסיטעט, און באַלד, באַלד וועלן זיי זיין איינגאַנצן זעלבסשטענדיק אין דער גרויסער, טיילמאַל, קאַלטער וועלט.

ווייסט איר וועגן וואָס מיר האָבן גערעדט דעם גרעסטן טייל פון אָוונט? אַביסל, פאַרשטייט זיך, וועגן אונדזער אַרבעט אין שפּיטאָל, וועגן אונדזערע פּראָפעסאָרן, וועגן זייער היים, וועגן דעם „האַי־פּאַי סעט", וואָס האָט געשפּילט, וועגן מוזיק, וועגן טעאַטער — אָבער מער פון 2 שעה האָבן מיר זיך געגריבלט אין אַ ספּעציעלער פּראָבלעם, וואָס דאַקוטשעט איר, די יונגע ווייב, איצט ביים אָנהייב פון זייער זעלבסטשטענדיק פּראָפעסיאָנעל לעבן: זי וויל פשוט וויסן, וואָס מיינט דאָס, וואָס זיי זיינען יידן...

עס איז אינטערעסאַנט, אַז ביז איצט איז דאָס נישט געווען קיין פּראָבלעם פאַר איר. זי איז געווען אַ סטודענטקע אין אַ האַי־סקול, וואו די גרעסטע צאָל סטודענטן זיינען געווען יידישע; אין קאַלעדזשעס האָט זי ניט געפונען קיין סך אַנטיסעמיטיזם, און זי האָט זיך ווייניק געשטעלט פראַגעס וועגן יידישקייט. ווען ער איז געווען אַ סטודענט אין קאַלעדזש האָט מען אים אַריינגענומען אין אַ „פראַטערניטי", וואו מען נעמט געוויינלעך ניט אַריין קיין יידן, און צום סוף איז ער געוואָרן איר פּרעזידענט; איצט שטודירט ער איז איי־

נער פון אונדזערע בעסטע, עלטסטע „אייווי ליג" מעדי־צינישע שולן, וואו 45 פראָצענט פון די סטודענטן זיינען יידן.

אָבער — און איצט קומען די פּראָבלעמען: פּראָפעסאָר פון כירורגיע וועט ער ניט ווערן אין אונדזער שפּיטאָל; ער וועט דאַרפן זיין אַ סך בעסער און אַרבעטן אַ סך שווערער פון די אַנדערע, כדי צו קריגן אַן אָרט אויפן פאַקולטעט. און זי — זי ווייסט שוין, אַז נישט אַלץ איז אין אָרדענונג צווישן די יידישע און נישט־יידישע פרויען פון די לערער אין מעדיקאַל סקול.

יידן זיינען זיי, ווייל מען לאָזט זיי נישט ווערן עפּעס אַנדערש; אָבער — וואָס הייסט זיין אַ ייד? וואָס איז דאָס פאַר אַ באַשעפעניש, אַ ייד? איז יידישקייט אַ רעליגיע — וואָס זיי פּראַקטיצירן נישט? איז עס אַ שפּראַך — וואָס זיי רעדן נישט? עקזיסטירט דאָ אַ יידישע קהילה און זיינען זיי אַ טייל פון איר? פאַר־וואָס זיינען זאַכן נישט אַזוי איינפאַך און גלאַט, און וואָס מוז מען טאָן, און ווי אַזוי?

דאָס זיינען געווען אירע פראַגעס — נישט קלאָר אויסגעדריקט. די ענטפערס קאָן מען איר ניט איבער־געבן שטייענדיק אויף איין פוס אפילו ווען מען וואָלט זיי געקאָנט פאַרשרייבן אויף איין בלעטל פּאַפּיר, וואָלט זי ניט געווען גרייט אָנצונעמען אַזאַ שווער שטיקל פּאַפּיר מיט איין מאָל. איך דערצייל אייך וועגן איר, ווייל איר מוזט פריער פון אַלץ פאַרשטיין, אַז אונדזער יוגנט שטעלט די פראַגעס און זי מוז האָבן די ענטפערס.

געוויסע ענטפערס האָבן זיי שוין געהערט, און יעדעס מאָל האָבן זיין געזאָגט — נייך, דאָס איז קיין ענטפער נישט. אַנטלויפן? וואו לויפט מען? און וואָס טוט מען ווען מען קומט אָן?

מאַכן אַ בייע געטאָ? און מיינט ניט, אַז מיר האָבן ניט אין אונדזער אייגענער שטאָט גענוג יידישע סאָציאַלע און פּראָפעסיאָנעלע געטאָס; עס זיינען דאָ גע־נוג מויערן... בית מדרש? מילכיקע און פליישיקע זילבער אויף דעם טיש? דאָס זיינען ניט קיין ענטפערס.

ניין. עס איז אַ נייע פּראָבלעם, ווען עס געפינט זיך אַ גרויסער מעדיצינישער צענטער, וואו 45 פּראָצענט פון די סטודענטן זיינען יידן, אָבער קיין ייד קאָן ניט ווערן פּראָפעסאָר פון כירורגיע. מיר מוזן אויסאַרבעטן נייע לייזונגען.

דער היסטאָריקער הערבערט אַפּטעקער האָט געזאָגן, „אַז מען וויל זען וואוהין מיר גייען, מוזן מיר צוריק אַריינקוקן אין די היילן פון וואַנען מיר קומען"... און אין דער הגדה לייענען מיר: „בכל דור ודור" — אין יעדן דור דאַרף איטלעכער ייד זיך באַטראַכטן, ווי ער אַליין וואָלט באַפרייט געוואָרן פון עגיפּטישער שקלאַפעריי...

וואָס זעט מען, ווען מען קוקט צוריק אין די היילן און איבער די וועגן און ברעגן און מדבריות און גרינע פעלדער, פון וואַנען מיר זיינען געקומען? מען זעט אַ גאַנצע וועלט — און אומעטום זעט מען מענטשן. טייל פון זיי זיינען הויך־געבילדעטע, טייל פּויערן, טייל אַרבעטער אין פאַבריקן, טייל לופט־מענטשן — אָבער דער וויכטיקסטער שטריך אין אונדזער געשיכטע איז דאָס, וואָס זיי זיינען אַלע לעבעדיקע מענטשן, וואָס לעבן און שטרעבן און קעמפן און האָרעווען און האָבן אפילו אין די שווערסטע מאָמענטן אַן אויסערגעוויינלעכע שטאָלצקייט און שטאַרקייט און וואַרעמקייט און מענטשלעכקייט אין זיך. דאָס איז אַ פאָלק, וואָס איז ניט אונטערגעגאַנגען, ווייל עס איז געווען איינגעשפּאַרט: „ניין, ניין, ס'וועט אונדזער פאָלק ניט אונטערגיין!"

ווען ס'איז געווען אַ פּרעה, האָט דאָס פאָלק פּראָדוצירט אַ משה; און שפּעטער — אַ יהודה המכבי, און אַ — בר כוכבא, און — אַ מרדכי אַנילעוויטש. מען לאָזט ניט לעבן? מען וועט מוזן לאָזן לעבן! און פּלוצים געפינט מען אַ רמב"ם, אַ שפּינאָזאַ, אַן איינשטיין, און אונדזער מענדעלע און שלום עליכם און פּרץ, און גאָלדפאַדן, און שייפער, פון וואַנען זיינען געקומען די וואַרעמקייט, די מענטשלעכקייט, די ליבע צום לעבן, ווען ניט פון דעם פאָלק אַליין?

ווען מיר האָבן שטודירט די פאַרגאַנגענהייט פון אונדזער פאָלק אין די „קורסן" האָט מען אונדז ניט געלערנט סתם „יידישע געשיכטע", נאָר „די געשיכטע פון די יידן". כאָטש מיר האָבן אָפט געוואוינט אין געטאָס, דאָך איז די מעשה פון אונדזער פאָלק אַלעמאָל געווען אינטים צוזאַמענגעבונדן מיט דער עקאָנאָמישער, סאָציאַלער און קולטורעלער געשיכטע פון די פעלקער אין די לענדער וואו מיר האָבן געוואוינט. עס איז אוממעגלעך צו פאַרשטיין די געשיכטע פון אונדזער פאָלק ניט פאַרשטייענדיק די כוחות און קאַמפן פון דער גאַנצער וועלט־געשיכטע. עבדים היינו — שקלאַפן זיינען מיר געווען, און וואַנדערער זיינען מיר געווען, און פאָגראָמען האָט מען געמאַכט אויף אונדז, און אַרבעטסלאַז זיינען מיר געווען, און געטאָס האָט מען געמאַכט, ווייל אַ הערשנדיקער קלאַס מוז האָבן זיין כפּרה־הינדל... און פּונקט אַזוי ווי די אונטערדריקונג פון אונדזער פאָלק איז פאַרגעקומען אין אַ וועלטלעכן,ברייטן סאָציאַלן קאָנטעקסט, פּונקט אַזוי האָבן אונדזערע פאָטערס געענטפערט דער וועלט — שאַפנדיק אַ גרעזעלשאַפט פון דער צוקונפט אין מדינת ישראל און מדינת יהודה, שאַפנדיק אַ וויכטיקן ביי־טראָג צו דעם רייכן קולטורעלן און וויסנשאַפטלעכן לעבן פון שפּאַניע און פון דעם 10טן ביזן 15טן יאָרהונדערט, אַרבעטנדיק פאַר אַ בעסער לעבן דאָ אין אַמעריקע זינט זיי זיינען אָנגעקומען אַהער, אין 1654, שאַפנדיק איבער טויזנטער יאָרן, — טויזנטער יאָרן אַ טראַדיציע פון וואַרעמקייט, שטאָלצקייט, דאָס רעכט פון יעדן מענטשן צו שטיין גלייך — „מענטשן זיינען אויך מענטשן"...

עס ווערט קלאָר, ווען מען שטודירט די יידישע געשיכטע און ליטעראַטור, ווען מען פאָרשט־אויס די פאָלקס־וועגן און האַפענונגען, אַז אונדזער פאָלק האָט געזוכט אין געבויט דורך זיין גאַנצער געשיכטע אַ וועלט פון מענטשלעכקייט, פרייהייט און וואַרעמקייט. מען מוז פאַרשטיין, אַז ווען יעדער הערשנדיקער קלאַס

האָט אויסגעקליבן די יידן אַלס די שולדיקע פאַר די בייזקייטן פון לעבן, איז דער בעסטער און שטאַרקסטער ענטפער אַלעמאָל געווען אַ ווידער־באַשטעטיקונג פון די פונדאַמענטאַלע ווערטן. עס איז פונקט אין אונדזער אייגענער טראַדיציע פון אַ מאָראַליש לעבן צווישן מענטשן. אַ לעבן אין וועלכן אַלעמען איז געזיכערט דאָס רעכט צו זיין אַ מענטש און צו לעבן אין שלום, וואו מיר געפינען דעם ענטפער צום אַנטיסעמיטיזם; און מיט אַ פאַרשטאַנד פון דער טראַדיציע קאָנען מיר ניט בלויז בעסער קעמפן קעגן אַנטיסעמיטיזם, נאָר אויך אָנטיילנעמען אין דער בויאונג פון אַ בעסערער וועלט פאַר אַלע מענטשן.

ווי איך האָב געזאָגט, וואָלט געווען אוממעגלעך צו אַנטוויקלען אין מיין חברס יונגער ווייב אַ טיפן פאַרשטאַנד פאַר יידישער געשיכטע און קולטור, שטייענדיק אויף איין פוס; און כאָטש מיר ביידע האָבן צו צוויי פיס און אַביסל זיץ־פלייש, דאָך וואָלט איך אפילו ניט געוואָלט, אַז זי זאָל פשוט אָננעמען מיינע ענטפערס צו אירע פראַגעס. כדי אַ טיפע פאַרשטענדניש פון אונדזער קולטור זאָל זיך אַנטוויקלען אין אַ מענטשן, מוז ער אַליין נאָענט באַקאַנט ווערן מיט איר. אַ פאָר ווערטער, אָדער אַ פאָר בלעטער, אָדער אַ פאָר ביכער געשריבן פון עמעצן אַנדערש זיינען נישט גענוג...

עס איז ניט צו שפּעט, עס איז קיינמאָל ניט צו שפּעט; אָבער גרינגער און בעסער וואָלט געווען, ווען זי וואָלט אָנגעהויבן מיט 25 יאָר פריער; ווען אירע עלטערן וואָלטן געהאַט אַ פאַרשטענדניש פאַר דער יידישער טראַדיציע און פאַר דער וויכטיקייט זי איבערצוגעבן צו יונגע דורות. ווען זי וואָלט שטודירט טעגלעך אונדזערע מעשיות און ליטעראַטור און לידער און געשיכטע צוזאַמען מיט אַנדערע קינדער און יוגנטלעכע, מיט לערער, וואָס האָבן אַ פאַרשטאַנד און אַן איבערגעגעבנקייט און אַן אויג אויף דער צוקונפט — וואָלט זי שוין געווען גרייט אויסצואַרבעטן די לייזונגען פון די פראַגעס, וואָס זיינען היינט אַזוי שווער פאַר איר

אפילו צו שטעלן.

ניין, עס איז ניט צו שפּעט פאַר איר, און וויכטיק פאַר אונדז היינט איז דאָס, וואָס עס איז געוויס ניט צו שפּעט פאַר אירע קינדער, וועלכע זיינען נאָך ניט געבוירן געוואָרן. עס ווערט וויכטיקער יעדעס יאָר, אַז עלטערן זאָלן האָבן אַ פּלאַץ, וואו זייערע קינדער זאָלן קאָנען שטודירן און אַנטוויקלען אַ ליבע און אַ פאַרשטאַנד פאַר ייִדישקייט — וויכטיקער, ווייל ווייניקער און ווייניקער עלטערן זיינען אַליין גרייט דאָס צו טאָן אין דער היים. "וויכטיקער, ווייל ערנסטער, ווייל די סכנה איז גרעסער". עס איז וויכטיקער היינט, ווי ס'איז געווען ווען אונדזערע עלטערן האָבן אונדז געשיקט אין די פּראָגרעסיווע ייִדישע שולן, וואו מיר האָבן אויסגעהאַמערט אונדזער באַציאונג צו ייִדישקייט און, ווי פּראָגרעסיווע אַמעריקאַנישע ייִדישע יוגנט, צו די פּראָבלעמען פון אונדזער וועלט. וועלן מיינע קינדער האָבן די מעגלעכקייט צו שטודירן אין אונדזערע שולעס? און אייערע קינדער? און זייערע קינדער? איך בין זיכער, אַז יאָ, אָבער קיין געבראָטענע טויבן פליען ניט אין מויל אַריין.

עס איז אונדזער פאַראַנטוואָרטלעכקייט דאָס צו פאַרזיכערן; און מיר מעגן זיין זיכער, אַז נישט בלויז אונדזער דור, נאָר קומענדיקע דורות וועלן אויך נייע לידער זינגען... און מיטאַרבעטנדיק מיט אַלע פעלקער פון דער וועלט, וועלן מיר הויך און שטאָלץ זינגען אַ ליד, אַן אייגן ליד, אַ ייִדיש ליד.

# די שול — אַ טייל פון מיין לעבן.

## הענרי קעלערמאַן

ס'איז פאַר מיר אַ גרויסער כבוד צו ריידן צו אייך היינט, און ספּעציעל צו ריידן וועגן מיין יידישער דערציאונג. די טעמע איז מיר זייער נאָענט און ליב. אָבער ווי אַזוי וועל איך קאָנען קאָנדענסירן מיינע געדאַנקען, און דערקלערן די דערפאַרונג, וועלכע איך האָב געקראָגן דורך מיין יידישער דערציאונג... און דעם איינפלוס, וואָס זי האָט געהאַט אויף מיין אַנט־וויקלונג ווי אַ דערוואַקסענער און פאַראַנטוואָרטלעכער מענטש. און נאָך מער, ווי אַזוי וועל איך קאָנען דער־קלערן די ווירקונג וואָס די דערציאונג האָט געהאַט אויף מיר.

פון מיין דערפאַרונג מיט יוגנטלעכע, וועלכע האָבן ניט געקראָגן קיין פּראָגרעסיווע יידישע דערציאונג, ווייס איך, אַז זייערע באַגריפן פון וועלט־געשעענישן זיינען אָפט זייער באַגרענעצטע. ביי איניקע אָפּטמאָל רעדוצירט צו נול. נאָך מער, זיי ווייסן אפילו ניט צי עס איז פאַראַן אַ יידישע ליטעראַטור. עס זיינען פאַ־ראַן אַנדערע שולן, וועלכע פּרובירן איבערגעבן די קלאַסיקער, ווי מענדעלע, שלום־עליכם און פּרץ אויף פאַרשיידענע אופנים, אָבער נישט אויף קיין פּראָגרע־סיוון אופן. און דאָ קומט דער אונטערשייד. מיין דער־ציאונג אין מיין שול אונטערשיידט זיך מיט דעם, וואָס זי פאַרמאָגט אין זיך די אידעאָלאָגיע פון דער פּראָגרעסיווער יידישער קולטור־באַוועגונג. זי איז אויך אַנדערש דערמיט, וואָס זי פאַרבינדט זיך מיטן לעבן, מיט דער געשיכטע און דער קולטור פונעם יידישן פאָלק, אויך מיט די קאַמפן פון די יידישע אַר־בעטער, מיט וועלכע אונדזערע עלטערן זיינען געווען פאַרבונדן. איך האָב געלערנט סאָציאַלע פּראָבלעמען פון יידישן פאָלק פון אַמאָל ביז איצטיקער צייט. זיך אָנגעשעפּט מיט וויסן פון יידישן פאָלק און אַלע פעל־

קער צוגלייך.

משה אַלגין האָט געשריבן: „די יידישע קולטור איז, אין אַ גרויסער מאָס, אַ מאַסן־קולטור. אַ קולטור, געשאַפן דורך מענטשן פאַר דער מאַסע, מיט דעם צוועק צו באַדינען די מאַסן". די לעצטע פראַזע, „דעם צוועק צו באַדינען די מאַסן", האָט ספּעציעל אַ וויכטיקע באַ־דייטונג פאַר מיר. זינט דער עלעמענטאַר־שול האָב איך פאַרגעלייענט די פּאָעזיע פון די פּראָגרעסיווע יידישע דיכטער, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף מיין יונגן לעבן. פאַרוואָס האָבן די פּאָעטן געווירקט אויף מיר מער ווי אַנדערע? טעכניש זיינען זיי נישט בעסער אָדער ערגער פון אַנדערע. אָבער ווען עס קומט צו דעם אינהאַלט פון דער פּאָעזיע, ווערט אַ ריי־זיקער אונטערשייד צווישן די צוויי ערליי שרייבער. דער אונטערשייד איז פּשוט, — אָבער גרויס. אונדזערע פּראָגרעסיווע פּאָעטן מאָנען און וועקן, זיי לאָזן אונדז ניט פאַרגעסן די אומרעכט און אונטערדריקונג, וואָס יידן און ניט־יידן האָבן דורכגעלעבט און לעבן נאָך דורך היינט.

ווען איך האָב צום ערשטן מאָל געלייענט הערש טייטלבוימס „שמואליק" (דאָס איז געווען מיט 12 יאָר צוריק) האָב איך געוויינט. עס האָט מיך אָנגערירט ווי אַ פּערזענלעכער ווייטאָק. איך האָב געוויינט, ווייל איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס די מאַמע האָט דורכגע־לעבט, ווען זי האָט אין טשעמאָדאַן אַרויסגעוואָרפן איר קינד פון באַן, כדי צו ראַטעווען דאָס קינד פון מיידאַ־נעק. ווען איך האָב דאָס געלייענט האָט זיך מיר גע־דאַכט, אַז איך בין דאָס קינד. און אָט פון אַזאַ פּאָ־עזיע האָב איך גענומען פאַרשטיין, וואָס די געטאָ האָט געמיינט פאַר די יידן. איך האָב פאַרשטאַנען ניט נאָר מיטן אינטעלעקט, נאָר מיטן געפיל, וואָס נאַצי האָט געמיינט, און איך בין שטאַרק אידענטיפיצירט גע־וואָרן מיטן קאַמף פאַר גערעכטיקייט, און מיטן קאַמף קעגן אונטערדריקונג.

ווען משה שולשטיין האָט געשריבן וועגן אַ באַרג

פון אַ מיליאָן פֿאַרבליבענע שיך, האָט דאָס געהאַט אַ געוואַלטיקן איינדרוק אויף מיר, אַ יוגנטלעכן פֿון 12 יאָר. די שיך זאָגן: „און הערט, און הערט ווער ס׳פּלעגט אַמאָל ניט ווען דערהערן אונדזער גיין דורך טויטע שוועלן. איצט הערט שטאָט אויס שטאָט איין. מיר גייען, טויטער אָפּהילך פֿון אַ לעבן“...

און אָט די פּאָעזיע, וואָס איך האָב געלייענט איז אַ שפּיגל פֿונעם לעבן פֿונעם ייִדישן פֿאָלק. איך האָב אויך געלייענט פֿון די סוועט־שאָפּ פּאָעטן. און מאָריס ראָזענפֿעלד האָט מיר פּשוט געגעבן צו פֿאַרשטיין, אין זיין פּאָעמע „צום אַרבעטער“, ווען ער האָט געשריבן: „זיי שטאָלץ אויף דיין אַרבעט, זי גיט דיר דאָס רעכט, די פּרוכט פֿון דער וועלט צו געניסן“.

אין די שולן האָב איך געלערנט וועגן דעם ביישטייער פֿון די ייִדן אין אַמעריקע.

ווען מען האָט אונדז געלערנט די ייִדישע געשיכטע, האָבן מיר יוגנטלעכע באַמערקט צוויי מאָדנע שטריכן פֿון דער געשיכטע: איין שטריך פֿון אונטערדריקונג, און דער צווייטער פֿון דער ייִדישער איינגעשפּאַרטקייט נישט אויפֿצוגעבן. און דאָס מערקט זיך זייער שטאַרק אין דער פּאָעמע „איך בין אַ ייִד“, פֿון דעם ייִדיש־סאָוועטישן פֿאָלקס־דיכטער, איציק פֿעפֿער:

„די פֿערציק יאָר פֿון אוראַלט לעבן,
וואָס כ׳האָב געקרענקט אין מדבר־זאַמד,
האָבן מיין עלטער מוט געגעבן.
בר־כּוכבאס רוף האָט אויפֿגעפֿלאַמט
אויף יעדן קער פֿון מיינע ליידן,
און מער פֿון גאָלד האָב איך פֿאַרהיט
די איינגעשפּאַרטקייט פֿון מיין זיידן —
איך בין אַ ייִד“.

דורך דער דערציאונג האָב איך זיך געלערנט טראַכטן און פֿאַרשטיין, וואָס עס מיינט זיין אַ ייִד, אַ מענטש. און די דערפֿאַרונג האָב איך נאָר געקאָנט באַקומען דאָ, אין אונדזערע וועלטלעכע ייִדישע פּראָגרעסיווע שולן. אָט אַזאַ דערפֿאַרונג בלייבט מיט מיר — זי ווערט אַ טייל פֿון מיין לעבן.

# די פריינט פון פּראָגרעסיוו־וועלטלעכער דערציאונג

דער קאָמיטעט „פריינט פון פּראָגרעסיוו־וועלטלעכער דערציאונג" באַשטייט פון יחידים, וואָס האָבן גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו ווערן דער געזעלשאַפטלעכער אָנשפּאַר פאַר דער פאָרגעשריטן־וועלטלעכער שול־באַוועגונג אין לאַנד.

דער קאָמיטעט צילט צו העלפן פאַרזיכערן די דערציאונג, בעיקר אויפן געביט פון שאַפן פּראָגראַמאַטיש־מעטאָדישע הילף־מיטלען: טעקסט־ביכער, וויזועלע און אַנדערע מאַטעריאַלן.

דער קאָמיטעט שטרעבט אויך העלפן פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק פון פּראָגרעסיוו־וועלטלעכער דערציאונג צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין לאַנד.

אין 1961 האָט דער קאָמיטעט עטאַבלירט אַ דערציאונג־פאָנד אויפן נאָמען פון דר. חיים זשיטלאָווסקי, דעם באַגרינדער פון דער מאָדערנער יידישער וועלטלעכקייט און פּיאָנער פון דער יידישער סעקולערער דערציאונג.

דער „זשיטלאָווסקי־פאָנד" האָט איינגעשטעלט די יערלעכע „זשיטלאָווסקי־פּרעמיעס", וואָס ווערן צוגעטיילט צו יידישע קולטור־שאַפער און קינסטלער, פאַר זייערע בייטראָגן צו דער יידיש־וועלטלעכער קולטור אין לאַנד.

פאַר מער אינפאָרמאַציע וועגן דעם ווי אַזוי איר קאָנט העלפן דעם „זשיטלאָווסקי־פאָנד", אָדער וועגן אַן אַדרעס פון אַ יידיש־וועלטלעכער שול פאַר אייער אייניקל, קאָנט איר זיך ווענדן צו:

Friends of Secular Education
1123 Broadway, Room 1002
New York 10, N. Y.